מײַנע קינדער,

טײַבעלע, חיימל, איציקל,

מיט ליבשאַפֿט.



כ'וויל האַרציק באַדאַנקען
דעם חשובֿן פּאָעט גבֿריאל פּרײַל,
און מײַן ברודער, ד"ר מרדכי שעכטער,
פֿאַר בײַשטיין מיר בײַם צונויפֿשטעלן דאָס ביכל.

ביילע שעכטער־גאָטעסמאַן




לידער

פאַרלאַג מתנות ניו יאָרק

# האַלבטענער

ניטשאָ מער קיין אָרט פֿאַר חלומות.
דער טאָג רײַסט אויף
מיט בלענדיקן געבראַזג
אַלע ווינקלען
וואָס שאָטענען
נאַך בענקשאַפֿט.
מיט כּעס דעקט ער אויף
דעם לבֿוש פֿון האַלבטענער דינע
וואָס ער קען נישט באַנעמען.
הייבט אויף זיך
דעם חלומס צעהורגטער ניגון
אויף שפּיץ פֿינגער לײַכט
און שלײַכט זיך
אַוועק.

# ווידער פּאָליצעס שורות

ווידער:
פּאָליצעס שורות.
כ׳לויף זיי דורך
זוך
פֿאַרפּלאָנטערט אינעם ענגעניש,
געפֿין זיך נישט.
ס׳דריבנעט אין דרויסן אַ רעגנדל.
ריטמיש זיך וויגלט
אַ ניגונדל.
די מאַמע מיך פֿאַרווינגט.
כ׳בין נאָך אַ קינד,
וואָס גייט מיך אָן דער באַרג?
זים ניגונדל,
דריבנע רעגנדל,
ווי קלאָר סע קלאַפּט צום טראָפּ.
דער הימל — גאַנץ פֿאַרשטעלט פֿון נאַכט
דעריבער גיסט ער טרערן.
מײַן באַרג, מײַן באַרג
וואָס וועט פֿון דיר ווערן.

# שאַריי

מיטן זילבער־קולעכל פֿון אַ פֿויגל
פּישטשעט אַרײַן דער שאַריי
דורך די שויבן.
ס'הייבן זיך אויף די ריטמען אין גאַס.
אויסגעשטרעקטע שעהען בלאַנקען,
וואַרטן אויף אַ תּיקון.
קען מען זיך פֿאַרגינען
נאָך אַ רגע האַלטן.
ווען מען גייען אָן די שעהען,
אַז אַ יונגער ווײַ'ט אַרײַן דער דרויסן
און אויפֿן גומען
אומגעהערטע ווערטער שוימען.

# איינוואָרטיק ליד

כ'וואָלט געשריבן אַ ליד
וואָס זאָל האַלט איין וואָרט,
מער ניט.
איין וואָרט
און — אַ מײַסטערווערק;
ריטמישער אָטעם,
פּאָעטישער געדאַנק,
צימצום,
איין וואָרט לאַנג.
און קלינגעוודיק
זאָל עס זײַן
ווי דער פֿלינקער שפּאַן
מיט שטחים קריק.
אַ סאָסנע
פֿאַוואָרצלט רחבֿותדיק.
נאָר דערווײַל
געפּטרט וויפֿל רייד
צוליב דעם איינוואָרטיקן ליד,
וואָס שוין יאָרן אַז איך
פֿאַרנעם זיך
שטילערהייט
דערמיט.

# דער אימאַזש אין גראָ
(דוד בערגעלסאָנען)

קיין שאָטן אַפילו נישט פאַרבליבן
פון פאַרנעפּלט גראָע שויבן.
אין אַ קופּערט אַ פאַרלייגטן
פּוסטעוועט דײַן „פּוסטקייט" איצטער.

ווערט אַזוי שוין אויסגיין אפשר
אָן אַ הויך פון זיסן טרויער,
אין אַ געסל אַ פאַרגעסנס,
בײַ פאַרפאַלן אַלטער מויער.

ראָגן הײַנט — פולע מיט טענות:
הילעכדיקע, לאַנגע טענער.
אויף די טרעפּ פון גלאָז־בנינים
האַמערן זיי אויס די פּלענער.

יאָ, זיי זעען שוין בפירוש
געל און רויטע פײַער־פּליאַמעס,
ווי די לצים זיך צעטאַנצן
אין פאַנטאַסטיש מאָרגן־פאָרמעס.

און זיי האָרכן צוגעשפּיצטע
ווי סע קנאַקט דאָס פלאַקערן איצט שוין:
שפּײַטערס אויף די טראָטואַרן
איבער דײַנע „גראָע" זשאַרן.

# בערגעלסאָנישע סטרוקטור

בערגעלסאָנישע סטרוקטור:
לויז געשניצטע מאַריאָנעטן,
אויסגעשטעלט פיגור נאָך פיגור,
יעדע מיט זייערע עפּיטעטן;
גייען און גייען און קומען נישט אָן,
ווי זיי וואָלטן „שוין" אויף שטענדיק
פאַרשפּעטיט
די באַן
אַרום וואָקזאַל.
אויך מירעלע
אין איר זוכן און פרעגן
איז פון „פוסטקייט" אויסגעגאַן
ערגעץ אין די נעפּלען פון אַ וואַגאָן.
אָ, בערגעלסאָן,
פון דײַן פאַרפאַלענעם
נאָך אַלעמען
ביסטו אַ זוכנדיקער אַרויס
און אַ גלויביקער אַרײַן
אין אַ פּאָטעמקיניש הויז.
דו גרויסער פּלאַנירער,
ס'האָט דיך פאַרפירט
דײַן אויסגעווירעטער גאַנג
צו די פאַרמישפּטע עמיגראַנטן
פון אַ פינצטערן אָפּגאַנג.
טײַוולאָניש גענאַרט האָט מען דײַן זין.
צו שפּעט האָסטו דערזען
דאָס אמתע פּנים פון
מדת־הדין

# כ׳בין אַרויס אויף אַ שפּאַציר

כ׳ווייס?
כ׳בין אַרויס אויף אַ שפּאַציר,
צי נאָך פּשוטער
אײַנקױפֿן אין מאַרק
עסנוואַרג.
איז ווען כ׳בין אַרויס אין דרויסן
האָב איך פֿאַרגעסן וואָס כ׳בין אויסן
און זיך פֿאַרקליבן
אויף אַן אַנדערן שליאַך.
פּשטות איז געווען מײַן ערשטע שפּראַך.
אָן קונצן, אומקינסטלעך
געדאַרפֿט זײַן מײַן דרך
און פֿאַרפֿאָרן איז מען העט.
נישט גערירט זיך אָן אַ וואָרט־פּירועט.
נאָר וויי ווי מ׳טוט אַ שפּרונג אויף:
שאָקירלעך!
ווען מע פֿאַרגעסט זיך
און מע שרײַבט אַמאָל נאַטירלעך.

# זיי האָבן ליב

זיי האָבן ליב מע רעדט מיט באַקציינער.
זיי האָבן ליב מע רעדט אין טענער
נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע, אינטערנאַציאַנאַלע,
זיי האָבן ליב מער רעדט מיט אַ מיין,
אויסגעלייגט, אויסגעקלאָרט מע זאָל פֿאַרשטיין.

אַזוי האָבן זיי ליב און אַזוי איז ניחא זייער גומען.
און אויב דו סווישטשעסט אויף פֿײַפֿעלעך דינע,
וואָס אַפֿילו נעפּלדיקער ווי פּאָוועטיניע,
זאָלסטו שוין בעסער שטומען,
ווײַל ס'איז דײַן פֿײַפֿן פֿאַרן ווינט.

אַזוי האָט מיר געגעבן צו פֿאַרשטיין
אַן עלטערער ייִד זײַן עלטערן קוק
און פֿאַרעלטערטן זין,

בשעת ס'האָבן געציטערט די נאָזלעכער בײַ אים
ווי פֿליגל פֿון אַן אַלטן אָדלער,
וואָס קען נישט פֿליִען העכער פֿון זײַן נאָז.
אַ פֿאַרדראָס.

# צום צונגמײַסטער
**(אַן ענטפֿער אין ליטעראַטור־קלאַס)**

דו האָסט עס נישט ערנצט, נישט
ערנצט, נישט ערנצט,
דו האָסט נישט ערנצט
געערנצטעווועט.

געוואָרפֿן אַ באַלעם
און פֿלינק אויפֿגעכאַפּט עס,
קונציק האָסט, קינסטלער,
געקונצעווועט.

זשאָנגליר־מײַסטער, וואָס דו קענסט טראַפֿן צעברעכן,
ווי פֿליגל פֿון פֿליגן, וואָס קינדער צעשטעכן.
דערנאָך — ווער קען עס נאָך?! קלעפּסט צו זיי די קעפּלעך!
דאָס איז „איך מוז זאַגען" ממש דאָך שרעקלעך!

מיט פֿײַלן וואַרפֿסטו אויף רעכטס און אויף לינקס
ווי אַ שרעטל אַ קליינס, אַ ממזרל אַ פֿלינקס
און דער פֿעטער לייענער ער קניפּט דיך אין בעקל:
יאַנקעלע, יאַנקעלע אַן אײַזערן קעפּל!

נאָר דו ענטפֿערסט: — עט, דאָס איז נאָך גאָרנישט.
איך וועל אײַך ווײַזן, און חכמה איך שפּאָר נישט,
ווי וויכטיק עס איז, ווי קאַרדינאַל
צו זײַן עגאָצענטריש, ערגאָ — צענטראַל.

נאָר וואָס טויג דאָס חכמהן זיך, קלינגערן ווי ער,
איבערקלינגן דעם צונגמײַסטער — אַ ביסעלע שווער.
לאָמיר בלויז דאַנקען דעם
וואָס דעם קוואַל פֿאַר אונדז אַנטפּלעקט.

געפֿירט איבער געסעלעך, איליצעס, העק
מיט קאָזשלקעס, קאָפּשטענד, איבער בלערליי מערק
און מיר זענען נאָכגעגאַן (וואָס דען קען מען טאָן?)
דעם איין־און־איינציקן כּישוף־מײַסטער

אונדזער לערער, דן מירון.

# אַ קרבן

זאָל דײַן הויך מיך נישט באַרירן
כ׳בין אומבאַרירלעך קאַלט.
אַ פֿולע זשמעניע פֿליטערלעך
און פֿלאַטערלעך איך האַלט.

ס׳בליצט אַ זעונג אויף אין דמיון,
ס׳דאַכט זיך אַז מע הערט.
פֿאַקטיש ליגט מען אײַנגעקאַרבט
מיט קאָפּעטעס פֿון ערד.

נאָר איין אויג איז מיר פֿאַרבליבן
איך זאָל וויסיק זײַן,
קליינע טריטעלעך מע שטעלט
בײַם אָפּגאַנג פֿונעם שײַן

אותיות אָבער רײַסן זיך,
שפּרינגען אַזש פֿון זין.
ווער וואָלט גלייבן — כ׳בין אַ קרבן
פֿון אַ שרײַבמאַשין.

# לייענט דער פּאָעט זײַנע לידער

האָסטו שוין געהערט
ווי סע לייענט דער פּאָעט
זײַנע לידער?

אַ קול אָנטאָניש, אָנקלאַנגיש
זיך קאָלערט זינג-זאַנגיש
צעבלעטערנדיק
זײַן צעשויבערט געמיט
פֿאַר די פֿינגערשפּיצן
פֿון צעטראָגענעם ווינט.
מיט אַ בלייכער צורה, די האָר צעפֿלויגן,
שטייט ער און לייענט זײַנע לידער.
בעת דער הימל שמייכלט מיט קאַלטן געשפּעט,
די שטערן לאַכן זיך אויס, דאָרטן העט,
אַזוי שטייט און לייענט דער פּאָעט
זײַנע לידער.

# שורות פֿרײַע, עקסטע

גלײַיענט דאָרט שורות פֿרײַע, עקסטע
און אַוועק מיט זיי העט ווײַט.
כ'וואָלט זיך אויך געוואָלט פֿאַרגיין,
פֿראַנק־און־פֿרײַ פֿאָעטעווען,
אָבער
טאַטע־מאַמע האַלטן אין איין
טאָרען און דערמאָנען:
ניטע, ס'איז די ליריק
גאָר נישט צו באַנעמען.
עקסטע שורות העכסטע פֿון עקסטרעמען!
אַ פֿאָלגעוודיקע בת־יחידה
גייט בײַם הענטל שטיל מיט טאַטע־מאַמע,
שרײַבט ווי מע האָט שטענדיק
לויט טראַדיציע,
מיט ריטעם און מיט גראַמען.
נאָר די שורות יענע
פֿרײַע, ווילדע
גייען נאָך אין חלום
רופֿן, ווינקען
און איך שמייכל צו
פֿון ווײַט
און גיי אוים פֿון בענקען.

# קונסט

סאָל סטײַנבערג
סאַראַ װערק!
מיט אַ פּען װאָס שפּיזט
און אַן אויג װאָס ברענט
צעאַקערט דעם פֿונדאַמענט.

קונסט איז זיך פֿאַרגאַן
אין קונצן, קאָזשלקעס.
קונסט האָט זיך פֿאַרשפּליט
אין זײַטנגענג, װיטרינע־שפּיל,
אַפֿילו אין אַ צירק
ריטמיש באַלאַנסירט
װי איין קאַלדער קען.
װי װען
קונסט האָט זיך פֿאַרלאָרן.
פּשוט: צו קלוג געװאָרן.

# אַזאַ בילד

ציִשן גרין און בלאָע נעפּלען
פֿלאַכן אויסגעבענקטע הענגען.
פּערלדיקע זוימען
עפֿענען זיך, שוימען. בילד.

נישט אַזוי ס'פֿאַרענדיקטע,
אין גאַנצן אויסגעאָטעמטע,
נאָר גיכער ס'וואַקס און ווערנדיקע,
נאָך אומזיכערע בילד.

קאָלירן קוים-קוים פּרווון זיך,
ליִכט-און-לינדע לאָזן זיך
און פּלוצעם ווערן רעשיקע
הייבן זי אויף היציקע — בילד.

צעריִיצטע רויטן קעגענען זיך
אין אַ געבייזער-ברום.
נאָר אַ פּאָר ליִכטערע טענער
צעזינגען זיך, נעמען זיך אַרום.

אַזאַ בילד האַלט איך שטענדיק אין מאָלן.

# אין בילדער־גאָרטן

די טעג
פֿאַלן אַוועק
ווי אַלט בראָכוואַרג:
אומנוציק, זשאַווערדיק.
נאָר נעכט קומען אָן
מיט פֿולע קוישנס ליכט.
פֿנימער אומגעזעענע
דורכזעיִקן דיך.
דו ביסט זיך מודה
אין אַלץ וואָס זיי קוקן דיך אָן.
דערנאָך
גייט די שטילע עדה דיר נאָך
אין גאָרטן ווו סע בליִען
דײַנע בילדער.
שענקסט זיי אַלץ אַוועק,
ווײַל
דער פּרײַז איז צו הויך,
דער ווערט איז צו קליין.
אויף די טרעפּ פֿון קאַיאָר
צילעסטו אויף דײַנע עכטע קרעלן.
איצטערט וועלן
די לעצטע שאָטנס
זיך צעגיין.

# רײַטער דורך ווינטן

צו האָבן אַ גאַנצן געדאַנק נאָך אין איינעם
נאָך אַזאַ צעשפּאָלטענעם טאָג —
צוואָרפּענע אינדזלען
ביז העטסטע העקן
און דו רײַטסט — איין געיאָג.
פּרוווסט באַזיניקן זיך וואָס דערמאָנען,
סטאַנציעס פֿאַרצייכ'נען אין פֿלוג.
פינטעלעך, שטרעכעלעך, רעכן צוזאַמען:
אַ פֿלינקער בלײַער איז קלוג.
פֿירט דיך דער בלײַער
פֿירט ווי אַ בלינדן,
מיט פּינקטלעכער שאַרפֿקייט
טוט דיר אויפֿבינדן
די אויגן.
און דו — אַ פֿאָלגעוודיק קינדל
גייסט נאָך.
אַ רײַטער דורך ווינטן
אַ שטראָך נאָך אַ שטראָך.

# ספּיראַליק געוווי

ספּיראַליק דרייט זיך אַרויף אַ געוווי.
ווי קומט אַ וואָלף אין מיטן שטאָט בײַ נאַכט?
צי האָט ווער די טיר פֿון אַן אויטאָ נישט פֿאַרמאַכט
און ס'ציט זיך און בויערט אָן סוף?
וויגליד גרויסשטאָטישס באַלייט דיך אין שלאָף.
אַ רויער צוזונג צעטראָגט
דעם אָפּקלאַנג פֿון טאָג.

# די געגנט

יונגע ביימער,
גרינע יונגע ביימער
איצטער
אָפּגעפֿאַלן אַלע.
אַפֿילו זייערע קאָרעם
גרײַז־גראָע זקנים.
אַלץ
מיט גאַנצע פֿליגל
לאַנג שוין אָפּגעצוויגן.
די צײַט
אין פֿלי פֿון בײַטן.
שוואַרצע, געלע,
אַלע ווײַטן
דאָ.
די געגנט
כּמעט אָן קינדער.
קליינע קינדער,
יונגע ביימער
נישטאָ.

# פֿענצטער פֿון מײַן נאַכט

ווער האָט עס אויפֿגעריסן מיך
פֿון קאָשמאַר צו ווייסטער וואָר?
אַן אויסגעשריי מיט בלאָנדע האָט,
אַ שאָקלענדיק געיאָמער.
פֿאָרלאַשן ס׳פֿענצטער פֿון מײַן נאַכט,
אַנעמישער לאַמטערן.
אַזוי עלנט אין חלל ציטערט
אַ פֿאַלנדיקער שטערן.
קומען צו שפּרינגען פֿון נאָרעם און העקן
שאַרן אויסגעגלאָצטע שרעקן.
האָט מען מיידל דיך באַרויבט,
ס׳לעצטע צוגענומען?
אָדער ביסטו גאָר באַטויבט,
פּילן אײַנגענומען?
ס׳האָט דײַן הילעכדיקער קוויטש
מיך דורך און דורך געטראָפֿן
אַ צעבלוטיקטער סיגנאַל
צעבלעטערט פֿאַר מיר
אָפֿן.
די שעה
אין טיפֿער שוואַרצקייט פֿאַרטושט
ליכטיקט אַרוים דײַנע גלידער.
אַ פֿײַער צישעט פֿאַר אונדזער שוועל
די אומעטיקסטע לידער.

# קאַלעמוטנע וואַסערן

ווילסט מיר ווײַזן
אַלע קאַלעמוטנע וואַסערן
וואָס הײַנט גערונען?
קאָכעדיקע ווולקאַנען
וויפֿל הײַנט געברויזט?
ווילסט מיך אַן איבעריק מאָל דערמאָנען
ס'אַ סכּנה אַרויסצוגיין פֿון הויז?
און איך בין געגאַן
דעם באַרג־אַראָפּ אין ערגסטן מיסט
(מיט האַרץ־קלאַפּעניש, וואָס אמת איז).
בליאַסק פֿון שוועלן זיך אַנטפּלעקט,
שטייגער — ווײַט־מהלכדיק.
אין וויטרינע — קינדער
אַרום אַקוואַריום פֿיש.
מענטשן שוואַרץ, שפּאַניש.
יעדער טראָט געלאָדן
סכּנהדיק.
אין דער — אַ מאָל פּריצישער געגנט —
האַנדל־וואַנדלט מען אויפֿן אַספֿאַלט.
אַ מאַמע, אַליין נאָך אַ קינד,
פֿירט איר פּיצל בײַ דער האַנט.
אַ געלעכטער אין שמאָטעס
דער אַלטער אָן זאָרג
טוט אַ בים אין עפּל.
פֿאַרביק ניו־יאָרק.

# אויפֿגייענדיקע האָריזאָנטן

זיי ווײַזן אונדז די אויפֿגייענדיקע האָריזאָנטן:
הײַזער אויפֿגעראַמט,
געסלעך צוגעקאַמט
און גלאַט.
נישטאָ קיין קנייטשעלע פֿון חשד
צי ספֿקות.
ראָזע שפּיגלען פֿענצטער
צײַטיקע גלעקלביימער,
און סע טראָגן זיך ריחות פֿון
פּלאַסטישע פּעטאַלן.
נאָר בשעת
סע שמייכלען די בילדער אויף די ווענט
אין דער שטילקייט פֿון דער בעסערער גאַס,
מיט גלײַך-געשוירענע קוסטעס
און שטיינדלעך פּינקטלעך אײַנגעפּאַסט
פֿון טרעטאַר,
ליגט
פֿאַרגליווערט שטאַר
אונטער דער ציכטיקער קאָלדרע
דאָס פּנים פֿון
בן־אָדם.

# אין דרויסן

מיר ווייסן
אין דרויסן
קאָכט זיך דער ים,
דער גרויסער אָקעאַן
פֿון טוונג.
דאָרט ווערט געבויט
דער טורעם צו גאָט.
אַנדערע ווערן אַראָפּגעריסן
און פֿאַרריסן שאַלטעווועט
דער מיט די לייצעם אין האַנט.
רײַטערס צעבלאָזן איבערן לאַנד
זײַן וואָרט: הערט און זעט!
נאָר דאָ
צווישן די אייגענע פֿיר ווענט
אַ שטום געדער,
אַ שטילעניש וואָס שטורעמט אויף
און פֿאַרשטעלט די אַרויסן.
פֿאַרהילעכט דעם דרויסן.

# מיר שוועבן

מיר שוועבן.
שוועבן קונציק אויף דער אייבערפֿלאַך.
פֿלאַטערלעך
פּיפּיק מונטערלעך.
באַלאָנען
שיסן מיר אַרויף און
ס'מיניען זיך קאָלירן.
עופֿעלעך
זיי צו באַשיצן מוז מע אַמוזירן.
פּחד.
פּחד ווי אַ הויפּטמאָטיוו
אין דער פֿאַרביקער סימפֿאָניע
שטויסט אונדז טשעפּען דעם אין־סוף.
מיר, די פּאָרעך־זשמעניע.
כאָטש מיר ווייסן אַלע וווּיל
ווילן מיר נישט ווייסן.
ס'הייסט, מע מוז דאָס בייז געקעכטס
מיט צוקערלעך פֿאַרזיסן.
ווי דען?
איבערקומען
ווי קען מען?

# אויף דער ראָזעווער גאַס

אויף דער ראָזעווער גאַס ברענען אַלע לאָמפּן
און פּאָרלעך — צעגליטע פּנימער —
טאַנצן.
(אַלץ איז — נאָר — שײַן, הײַנט
ביסטו
מײַן
ווער
ווייסט
וואָס
מאָרגן
מאָרגן
וועט
זײַן.)
אין דרויסן וווּעט די נאַכט
מיט וועלפֿישע ציין
און פּחד פּאָרט זיך מיט פּחד
איין גרוים געאיין.
פֿאַרפֿאַלענע
אין אָפּפֿאַל־וואָגן,
נאַכטפּייגל טוען אַלצדינג צעטראָגן
מיט אויגן גרינע פֿון משוגעת
ביז די שפּיץ ברעגעס
פֿון דער ראָזעווער
גאַס.

# דער אַקטיאָר

די רויטע
לאַנג און ברייט צעלייגטע האָר
האָבן אים אַרײַנגעגליטשט גלײַך
אין די רעשיקע שטראָמען.
אַ פֿיש מיט פֿישלעך גלײַך
איז ער געשווומען,
געוואָרפֿן זיך, געשפּרונגען,
אויסגעקלונגען
פֿישיקע טענער מיט העוויות
פֿון יענע וואַסער־חיות
פֿאַר דער סטודענטנשאַפֿט,
וואָס האָט מיטגעקלונגען,
מיטגעקלאַפּט:
„מיר פֿאָרן זיך פּאָרן!"
„ספּאָ־אָ־אָ־נינג"!
אין דער דאָלאָניע
פֿונעם אַקטיאָר
דער עולם — געלאָזט זיך מיטציִען
ביזן סאַמע דנאָ.
אָפּגעפֿאַלן גרענעצן און יעדע בושה.
נאָר פּלוצעם — מע ליגט אויף דער יִבשה.
אַרויס פֿון דער וואַסערפֿלאַך
אויף ממשותדיקער ערד
איז: די גרויסע קאָרפּאָראַציע,
די געלטקאַסע,
וואָס פֿרוכפּערט זיך און מערט.

פֿון רויטן לאַקס האָט גענומען ווייען
אַ רויטע פֿאָן.
ערנצטער די מינעס איצטער,
שטילער.
סע ווינקט אונדז דאָ אַ רויטע געטשקע,
וויל אַרײַנכאַפּן דעם יונגן פֿיש.
„מאַכט דעם פֿאָלק"
ווער פֿאַרשטייט דאָס נישט!
גוט באַקאַנט דאָ יעדעס וואָרט.
קלינגווערטער מיט אַן אַלטער באָרד.



# הימלען אין נאָוועמבער

# ליכטשפּרענקעלעך

קינדעריאָרן.
ליכטשפּרענקעלעך צעטאַנצענע אויף טראָטואַרן:
צעהיצט געיעג נאָך באַלעמס,
איבעררוף פֿון קולות,
נאָענטע חבֿרטאָרינס
און ערשטע קינאה־שׂינאות.
אַ מאָרגן אָן שקיעה
און די קויל שוואַרצע אויגן
פֿונעם יינגל
אויף יענער זײַט גאַס.

# טונקל גרין

שוין לאַנג געהאַט פֿאַרגעסן
דעם טונקל גרינעם ריח
פֿון סאָסנעבוימער.
ווי ער נעמט דיך דורך
ביז די וואָרצלען פֿון די האָר
און וויקלט דיך איַין
אין וואַלדישע באַלזאַמען.
ס'וואַקסן אוים ביַי יעדן טראָט
קווייטן פֿון דערמאָנען.
קרעכצט אַ צוויַיג, אַ פֿייגליש קול
רופֿט דיך צוריק: אַ מאָל.
שעפּטשעט דער ווינט:
אַדאָרט, אַהין!
שאַרף און קיל און
טונקל גרין.

# אַלטע גוטע־פֿרײַנד

אַלטע גוטע־פֿרײַנד — פֿון אַ פֿאַרלייגטן פּאַק אַרויס
שפּרינגען דיר אין פּנים יאָרן.
סע קוקט פֿון זייערע אַפּלען קריק אַ שפּיגעלע:
מ׳איז אַלט געוואָרן.
ספּריטנע פֿליגל אָפּגעשוירן,
אין אַ שרונט פֿאַרגלעט.
נאָר אַרום דעם מויל זיך שורהט
אַ שמאָלער סלעד געשפּעט.

זוכסט דעם יונגן חלום!
פּרוּווסט אָן ווערטער זיך דערפֿרעגן.
קלאַפּן אין פֿאַרקלאַפּטע טירן
ווערסטו זיך דערוועגן!
גיכער זיך פֿאַרקריכן
און נישט זען מער וואָס מע זעט.
שמייכעלט מען: — אָ, אַלטע פֿרײַנד!
און מע רעדט און רעדט.

# ס׳לעצטע בלעטל
**(איבערקלאַפּנדיק דער מאַמעס זכרונות)**

ס׳לעצטע בלעטל פֿונעם לעצטן העפֿטל
שוין פֿאַרמאַכט.
די שורות דײַנע, אויפֿגעטרייסלט,
קלאַפּן אוים מײַן נאַכט.
וואָרהאַפֿטיק
ווי דורכזעעוודיק
אָפּגעצייכנט ביסטו מיר.
איך בין הײַנט די מאַמע פֿון דײַן פֿרײ׳ר.
טענער גילדיקן — דײַן בילד נישט ווײַכט.
ס׳פֿאַלט אַוועק דער אָוונט
קילבלעך, רוי און פֿײַכט,
פֿול מיט נאָכקלאַנגען.
ציט זיך
ווי ער וואָלט קיין מאָל
נישט פֿאַרגאַנגען.

# ווידער שטייט מען אַליין

און ווידער שטייט מען אַליין.
ניין — אַליינער.
שטערנשטרייפֿן וואַנדערן פֿאַרטראַכט.
דער מאַמעס אויגן — אַ וועכטער וואַכט —
פֿון אונטער גראַטעס פֿאַרצאַמטע מאָנען.
בלויז אינעם וואָגלען פֿון טונקלעניש
שטייען מיר פּנים-אל-פּנים.
דעמאָלט צעוואַרעמט איר נאָענטקייט מיך ווידער.
שוין לאַנג נישט געזען איר סאַמעט'נע אויגן,
זי זאָגט: „דו זעסט יענעם אַלטן;
ער קען אַ פּאָר היימישע לידער"
כאַפּ איך זיך צו שוין גרייט צו פֿאַרשרײַבן
און טאָ דערבײַ שטילערהייט זיך אַ נדר,
אַז וויפֿל טעג ס'וועלן איר נאָך פֿאַרבלײַבן —
אָבער דאָ —
זי איז נישטאָ.
כ'בין אַליין.
ניין, אַליינער.

# רויט ליכט

רויט ליכט.
פֿלאַמענדיקע בעקלעך בײַ אַ קינד
איבער שוואַרצער נאַכט צעגליט,
שמייכלט דורך
דער גראָער מורה־שחורה.
צעקלונגען
דינע זילבערגלעקלעך
רופֿן פֿון דער טיף אַרויס
קלאָר ווײַס:
ערשטער טראָט
אין טונקל בלאָעם פֿאַרנאַכט.
רעגן.
זונטיקדיקע שטאָט
גלאַנץ און אָפּגלאַנץ,
נאַסע וועגן.
שאָטן — ליכט
קינדערהענטל אין דער מאַמעס האַנט.
האַלט מיך וואַרעם, מאַמע,
טוליע נאָענט.
פֿון נעצשפּיל אויף אַ לאַנגסטיקן טראָטואַר
שפּריצט קריק
אַ רגע
אַ פֿאַרהוילענע,
פֿאַלוירענע זינט יאָר.

# מײַן קינד

מײַן קינד,
די זומער־פֿייגל אַלע שוין אַוועקגעפֿלויגן,
דער הימל האָט די לאָנדנס צוגעמאַכט,
זיצן מיר בײַם טיש און קלויבן קרישקעס,
ווי שוין נאָך דער סעודה — און פֿאַר נאַכט.
שאָטנס — מוראדיק גרויס אויף די ווענט.
מיר פֿאַרבייגן די קעפּ מיט זוכנדיקע הענט,
פּרוּװן אַ פֿונק אין אַ ברעקל געפֿינען.
מײַן קינד,
מיט אַ פֿאַרריסענעם שטערן
כ'האָב דיר די ירושה פֿאַרשריבן,
ווײ, וואָס ס'איז דערפֿון געבליבן!
זײַ מיר מוחל, דיך נישט־ווילנדיק גענאַרט.

# האַרבסיקע טריט

זילבער גראָער רעגן — האַרבסט,
קעפּ פֿון מײַנע זיידעס נישט געקענטע.
תּחינהדיק באַקלאָגן — האַרבסט,
מײַנע באָבעס׳ אויגן אויסגעוויינטע.
אין בלאָטעס אײַנגערייעט — האַרבסט,
קינדערטראָט אַדורכגעפֿלויגן.
גאָלד און פּורפּלדיק באַקרוינטער האַרבסט,
פּאַלאַצן פֿונעם פֿינגער אויסגעזויגן.

# יונגהאַרבסט

אויפֿן פֿאַרעדיקן סעפּטעמבער־טאָג
שורהט זיך פֿאַרקלערט אַראָפּ
אַ דריבנינקער רעגן
און ווישט אַוועק
דעם לעצטן שמיץ
זומערדיקס.
אַלטע פֿעלדזן דערפֿרישטע
עפֿענען אויגן פֿול דימענטגלאַנץ.
יונגהאַרבסטיק אַלץ,
גרייט צו נײַעם פֿאַרגיין,
ערדפּאָרעם
אָטעמען מיט לאַנג באַוווסטע בשורות.
ברייט נעמט אַרום,
טוליעט אײַן
אין די אויסגעשטרעקטע אָרעמס
דער רעגן.
האַרבסט האָט זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג
און ס'עפֿענען זיך פֿאַר אים
אַלע וועגן.

# הימלען אין נאָוועמבער

די גרויסע שטאָט, גרויסער סצענאַר.
און איך האָב געהערט אַ קול אַזוי נאָענט.
זאָל עס זײַן דאָס שעפּטשען פֿון בלעטער,
דאָס מאָנען און קלאָגן פֿון ווינט?

פֿירן אילוזיעס, פֿאַרנאַרן די טריט.
נאָר איך האָב געקוקט מיט טאָטאַלן אומגלויבן.
און דאָך — אַ פֿונק מיר אַרײַן אין די אויגן:
אַ קוסט שפּעט אין האַרבסט זיך צעצווײַט.

פֿאַרנעפּלטער הימל אין נאָוועמבער.
ס'איז נישט קיין קול קיין נאָענטס וואָס איך הער.

# גראַפֿישער פּלאָנטער

כ'זע אַ בילד דורכגעוווייקט פֿון נאַכט,
זאָל עס זײַן דער חלום וואָס האַלט מיך וואַך?
כ'עפֿן די אויגן — סע בלײַבט אומגערירט:
אַ פּלאָנטער פֿון ליניעס און פֿאַרבן פֿיקסירט.

דער רעגן ציט פּערל גראָ ווערטיקאַל,
ציקלען וואַראָנעס אין שוואַרצן ספּיראַל,
ס'רייטלען זיך פֿלעקן צעוואָרפֿענערליי,
זשאַבעס און גרילן אַ זומפּיק געדריי.

און אויף דער וואַנט — צעהאָנגען אַ פּנים.
גאַפֿט אַרוים די טיף פֿון אַ ברונעם,
צינדט אָן דאָס פֿינצטערניש.
פּרוווסט עס פֿאַרמעקן, סע לאָזט זיך נישט.

נאָר אָט שיילט זיך אוים אַ דינינקער טאָן:
דאָס דריבנינקע פֿאָלק פֿון די שפּערלעך הייבט אָן
מיט לײַכטע פּאַסטעלן צעזינגען קאָליר.
פֿאַרהאַק איך די טיר צו דער נאַכט אַרום מיר

און כ'פֿרשלים מײַן חלום מיט אַן אײַזערנעם שלאָס.
נאָר פֿאַר וואָס
קומט אַ בלאָנדזשענדיק פֿייגעלע מיר אויפֿן זינען?
ס'איז דער רעגן.
ער רינט און רינט און הערט נישט אויף רינען.

# פֿאַרן פֿאַלן

אָרעמע בלעטעלעך אין טיפֿער פֿינצטערניש,
באַליכטיקטע אַנטקעגן אַ לאַמטערן.
הויל־און־בלויזע ציטערן
פֿאַרן פֿאַלן
פֿרירן.
און איך,
אין אַ גערדיכטער שטוב
מיט אָטעמס פֿול,
בין אַליין
און בענק ווי איר,
דינינקע,
דורכליכטיקטע
פֿון קאַלטע לאָמפּנשטראַלן.
אַליין און פֿאַרן פֿאַלן.

# כ׳האָב געמיינט כ׳האָב געזען

כ׳האָב געמיינט כ׳האָב געזען אַ שאָטן זיך רירן.
נאָר אַן אָפּגלאַנץ געווען,
כ׳האָב געלאָזט זיך פֿאַרפֿירן.
כ׳האָב קיינעם דאָרט נישט געזען.

געדאַכט זיך מע הערט מײַן קלאַפּן אין טיר.
אַ נעכטיקער טאָג,
נישט געטון זיך קיין ריר.
אומזיסט איז געווען דאָרט מײַן קלאַפּן.

פֿאַרביסן אין זיך אַפֿילו דער ווינט,
וואָס ער ווייעט פֿאַרבײַ צו די פּליינען,
און נאָר זײַנע אייגענע ווייען־און־ווינד
טוט ער פֿאַר זיך נאָר באַוויינען.

# דאָס מעסער

האָסט דאָס מעסער געהאַלטן
מיט לויזער האַנט
נאָכגעלאָזן, אָן
נאָכצוקלערן,
אין בלינדן שפּילן
אָן וויסן
אָן ווילן.
אויף מאָרגן,
ווען אויפֿגעכאַפּט זיך,
האָסטו געכאַפּט זיך,
אַז דער וואָס דאָ ליגט,
צעווונדיקט, צעבראָכן,
האָט גאַנץ אומגעריכט
אַליין זיך געשטאָכן.

# גרינסטער כּישוף

דער גרינסטער כּישוף איז אַוועק
אויף אויסגעברענטע וועגן.
שפּעט שלאָגט דער זייגער,
אַן אַלט קול.
אַ ציטער כאַפּט מיך קריק
פֿון די אונטערטרעפּ:
וואָס וועט ז־ײַ־ן?!
דײַן פּנים האָסטו אויסגעדרייט
און אין דרויסן ברעכט זיך דײַן וואָרט.
ווו בין איך?
דאָס ליכטל צאַנקט,
ווערט קלענער.
שאָטנס וואַקסן. נאָר סײַ ווי
איז צײַט עס אויסצולעשן.
נײַעסן פֿאַלן אָן, שפּיליען די האָר
און איין שורה קומט אַלץ קריק:
גרינער, גרינסטער כּישוף איז אַוועק.
מײַז קוקן מיך אָן.
ניין, דער שווײַגנדיק
זיך שלענגלענדיקער טאָג.

# לאָז די בענקשאַפֿט וויאַנען

קענסט דעם יום־טובֿ נישט צוריקרופֿן מער.
דער בענקענדיקער פֿויגל איז פֿאַרבײַ דײַן פֿענצטער,
נישט געטראָפֿן קיינעם
אין דער היים.
צילע אויף די רויטע קרעלן
שקיעה־פּערל וועלן
נישט פֿאַרזאַמען.
לאָז די בענקשאַפֿט וויאַנען.

# רויטע אויפֿדערנאַכטן

שטיינער שפּיגלען אָפּ דאָס ליכט פֿון רויטע אויפֿדערנאַכטן.
אָנגעזאַפּטער אומעט זיך אַוועקגעלייגט.
שטיל רינען שעהען
וווּ אַרײַן,
וווּ אַוועק.
און דו קענסט דערכאַפּן
עטלעכע טראָפּנס בלויז.
און אויך זיי זעסטו אויסוועפּן
וווּ אַהין
וווּ אַרויס.

# בלאָער ווינט

בלאָער ווינט — שקאָציש מיר אַנטקעגן
מיטן פֿײַפֿעלע, זײַן פֿײַפֿעלע
מיך באַזינגט.
ער וואַרפֿט מיר אין פּנים,
גלײַך אין פּנים אַרײַן,
דערנער שפּיצן
און פֿאַרשווינדט.
כאַפּ איך און שלינג
דעם חלק וואָס ער טוט מיר געבן.
דער בלאָער ליץ
פֿײַפֿט צו צו זײַנע שמיץ
מיט פֿולע לונגען:
ט'האָסטו דיר, זים לעבן!

# ווײַסינקע טויבן

ס׳וואָלט מיך גאָר נישט געאַרט צו פֿאַרגיין,
אין ראָזע כמאַרעם אַוועק ווו,
פֿאַרוויי׳ן,
ווען ס׳שפּיגלט דער הימל דאָרט אויבן
שנירעלעך ווײַסינקע טויבן
און איך — איינע פֿון זיי.
אַזוי ווען איך פֿאַרגיי —
ווי שיין.
וואָלט מיך גאָר נישט געאַרט צו פֿאַרגיין.

# פֿאַרגייִקייט

די פֿאַגעסיקייט און פֿאַרגייִקייט
פֿון מענטשנס קום-און-גייִקייט
גראַניטן אויסגעקריצט,

כאַפּסט זיך אָן אין זיך אַליין,
אַ רגע האַלטן, אַ דימענטשטיין,
אַ פּערלדיקן איצט.

נאָענטע שמייכלען אויפֿגעלײַכטע
פֿאַר אַ רגע און פֿאַרבלייכטע
אין ווײַטן אויסגעשײַנט.

יעדעם פּנים דיר אַנטקעגן
אַ דערקענען זיך, געזעגן,
זײַ געזונט מײַן פֿרײַנד.

# דריבנע טריטעלעך

ווײַסע בלימעלעך,
דריבנע טריטעלעך,
נישט געבעטענע,
נישט פֿאַרזייטע,
קומען, קומען,
מחנהווײַז,
ווײַסע בלימעלעך
ווי אײַז.
פּנימער נאָענטע,
לאַנג נישט דערמאָנטע,
אויפֿגעשטערנט און געפֿאַלן.
ווײַסע בלימעלעך,
דריבנע טריטעלעך
פֿאַרדעקן אונדז אַלן.

# די בוריאַנע

די בוריאַנעס,
וואָס אין די הונדערטער
זיך אונטערגעגעבן דער שאַרף
פֿון מײַנע פֿינגער,
די נאָכט צו מיר געקומען.
אַ פֿרויען־פּנים
פֿון אַ געדיכטן המון אַרוים.
די האָר צעפֿלויגן
און אויגן שאַרפֿע
גלאָצנדיק גרוים
מיט אַ טענה:
אויף מײַנע אַקסלען
פֿאַלט איר פֿריִיִק וויאַנען!
מיט אַ קללה: „אין חולמס חלום"
האָט מיך פֿאַרשאָלטן
די בוריאַנע.

# איבערעשטלעך

אַ שווערער טאָג
פֿון אָנהייב אָן,
פֿון איידער אָנהייב,
נאָך פֿון חלום אָן
אַריבערגענומען.

גראָ־שלײַמיקע איבערעשטלעך
פֿון בלאָטעס און גריבער
און פּנימער
וואָס טײַטלען מיט פֿינגער
אויף דיר.

און דו אָן אָטעם
קוים זיך אַריבערגעשלעפּט
אויף דער זײַט ברעג,
בלייך און אײַנגעפֿאַלן
נישט געקענט צו זיך קומען.

אַ טאָג אַזוי אַוועק
אין שאָטן פֿון אַ בייזן חלום.

# לעצטע טעג פֿון קאַלענדאַר

די לעצטע טעג פֿון קאַלענדאַר.
ווער טוט זיך ערנצט פֿאַרטראַכטן
אין דעם פּרעציזן, האַרטן
אָפּגאַנג.
ווי סע שרומפּן אונדזערע פֿינגער,
ווי ס'ווערן צעריבן אונדזערע שטערנס,
ווי מיר קלאַפּן זיך די קעפּ אין די
וואָלקנס.
מיר זענען געקראָכן
אויף אַ צעבראָכענער לייטער
ביזן לעצטן שטאַפּל.
איצטער וועט
אַ היימישע טיר אַרומנעמען
דעם געפֿאַלענעם
פֿונעם פֿאַרוועט.

# ליכט און שאָטן

ליכט און שאָטן אויסקאָנטורט
אַ פּנים בלייך,
ווייך פֿאַרזשמורעט
בײַם נאַכטלאָמפּ.
האַנט פֿאַרטונקלט,
פֿינגער
שעפּן, שלעפּן עמערס
נאַכט.
אויגן — ווײַט צעשטערנט
זוכן ענטפֿערס
סוד צו שפּאַלטן.
לאָזן נישט די נאַכט זאָל שאַלטן.

# שפּעט

שפּעט.
וואַסערן רינען שעפּטשענדיק
אַלע אבֿרים ברומען נאַכט.
וועקט אַ ליכטיקייט,
לייגט זיך אַוועק,
האָרכט.

אַ פֿינצטערער וואַלד
דימענטן שאַרף געשליפֿענע,
טונקלקייט צעעפֿנטע
העט ווײַט צו צו
צו יענער זײַט צו צו.

מאָרגנדיק קריכן די גראָע כוואַליעס
ווי מײַז פֿון די לעכער אַרוים
אַהער צו צו
טאָג צו צו
נאַכט אָן רו.

# שוואַרץ אויף ווײַס

אַ ווײַסע פֿלאַך — ווײַס אויף ווײַס,
בלאָלעך דאָ־דאָרט. קאַלט.
אַ נאַקעטער וואַלד.
סיביר.
און —
מענטשן־חורבֿות
האַקן ביימער,
טראָגן קלעצער,
פֿאַלן, בלײַבן ליגן,
אין געפֿריר.
דאַכט זיך אַ קול,
איך הער,
נישט פֿאַרשטענדלעך.
קענטלעך אָבער, זייער
קענטלעך.
רופֿט מײַן נאָמען.
דער טאַטע,
אַ געפֿאַלענער ,
אײַנגעגראָבענער
אין אײַז.
שוואַרץ אויף ווײַס.

# די רגעס יענע

ווער קען עס פֿאַרצייכענען
צי טראַכטן אַפֿילו —
די רגעס טעמנע
יענע.
געהויקערטער שרעק אויף די שטראָזן
וועגן באַלאָדענע
מיר פֿאָרן
בלינדע ווזהין
לויפֿן צוריק
אין דרײַען אײַנגעבראָכענע בריק
מיר דראַפּען זיך אַריבער
געדיכטער נעסטער
גופֿים
צונויפֿגעדראָטעוועט משפּחות
אַלץ אַרום אַוועקגעמעקט
גרין באַרעמטער דאָרפֿישער וועג
צעעפֿנט אַן אָנדנאָיִקן קאָשמאַר
מיר נאָר
די איינציקע פֿאַרבליבן
פֿון אַ קהילה ייִדן.

# פֿאַרעקשנטער חלום

אַ געסל אָן אָנהייב און אָן פּערספּעקטיוו,
אָן קאָלירן די מויערן,
ווי מײַלער אין בייזן געלעכטער צעפּראַלט,
הענגען צעריסענע טויערן.

שטיי איך און וואַרט פֿאַרחידושט איך זע
פֿנעצטער ווי שוואַרץ בלינדע אויגן,
און כ'ווייס נישט ווו כ'בין, געדענק נישט וואָס כ'זוך,
און וואָס ס'האָט אַהער מיך געצויגן,

ס'רעדן די אויגן בלינדער רמזים
און ס'שושקען זיך ברומענדיק ווענט,
ווילן געניײטיק מיר עפּעס זאָגן,
נאָר איך פֿון זיי ווײַט אָפּגעווענדט.

פֿאַרעקשנטער חלום קומט שטענדיק צוריק,
נאָר כ'קען זיך אויף קלאָר נישט דערמאָנען.
פֿירט מיך צום אייגענעם אָרט זוכנדיק,
אפֿשר ווײַל כ'האָב נישט פֿאַרשטאַנען.

# נאָך אַלץ אין אונטערערד־קאַנאַלן

נאָך אַלץ אין אונטערערד־קאַנאַלן טשאַלאַפּע איך מײַן טראָט.
דער טאָג, דער קלאָרער האָט אויף מיר קיין שליטה נישט.
איך הער זיך אײַן אין גרילצן פֿון דער גראָט,
אַ בלימל וואַקסט אויף וואַנט פֿון פֿינצטערניש.

כאָטש פֿעדעם ציִען זיך פֿון דאָרט אַהער
און כ׳פּרוּוו זיי זאָרגעוודיק פֿונאַנדערקלײַבן,
נאָר אָנכאַפּן דעם עק פֿון פֿאָדעם — שווער,
מוז פּלאָנטער ווײַטער פּלאָנטער בלײַבן.

ווען פֿאַרטאָג רײַסט פּלוצעם אויף דעם דאַך
און גראָער טינק פֿאַרפֿאַרבט מיר אַלע עקן,
פֿאַרלעש איך דעם לאַמטערן פֿון מײַן וואַך
און לאָז זיך אײַנוויגן פֿון רעשיקן דערוועקן.

# ערבֿ מאָרגן

אַ שווערע האַנט האָט אַלדינג אויסגעמעקט.
גאָרנישט איז געליבן, קיינער.
מיר זיצן אַליין אין געפֿליוך פֿון רעגן,
ווערטער בלישטשען אין צעשפּילטע אינדן,
אַ פֿויגל פּישטשעט דעם קלאַנג פֿון זילבער.
ס'איז נישט צו גלייבן ליכטיק.
איז נאָך ווער דאָ?
נאָר געפֿלען פֿון ערבֿ-צי עובֿר-וועלט.
און מיר, ריזיק גרוים
און באָרוועס.
אייביק זענען מיר אַזוי געזעסן.
צי האָט זיך מיר געדאַכט?
און אפֿשר עס גאָר אויסגעטראַכט?

# שלענג

שלענג האָב איך דערזען, שלענג!
ווײַט אין וועג זיי ערשט דערקענט.
אַלע יונג באַשאָטענע צווײַגן
מיט הימל שרײַענדיקן גרין
האָבן זיך צעלאַכט אין מיט ד׳רין
און געוויזן זייערע גאַרנדיקע צונגען.
איך און מײַן טעקעלע
האָבן זיך צוגעשושקעט
דעם שטילסטן שרעקן.
אויגן האָבן אונדז באַקוקט,
באַזוכט פֿון אילע עקן נאַכט.
זיצנדיק בײַם ברעג וואַלד
האָט עס אונדז געטראָפֿן.
אַ שווערער שטורעם אָנגעלאָפֿן,
אונדז מיטגענומען.
גופֿים זענען געשוווּמען:
קלעצער צוגעדראָטעוועט.
רויט געשוואָלן וואַסערבעט —
דער נעסטער.
נאָר איך און דאָם טעקעלע
דערקראָכן צום ברעג.
קיינער נישט מער.

# די באַן פֿון אונטערגאַנג

גלעקער קלינגען אין מײַן הויט,
איך האָב דעם ווונק פֿאַרשטאַנען.
אָפּגעפּטרט גיך די טעג
כ׳טאָר זיך נישט פֿאַרזאַמען.

כ׳לויף די טיפֿע טרעפּ אַראָפּ:
אַ פֿלִיענדיקער גאַנג.
פֿאַרקויפֿט מיר כ׳בעט אײַך אַ בילעט
צו דער באַן פֿון אונטערגאַנג.

גרינע לאָמפּן גענעצן
צום מאַטן שאָטנשפּיל,
וואָס צעוואַקסט זיך איבערגרוים
אויף פּלאַטפֿאָרמע-דיל.

אַ מעסער שאַרפֿער פֿײַף לויפֿט אָן
אותיות שטאַרצן אַרוים.
אײַנגעגלידערט אין וואַגאָן,
ס׳לעשן ליכט זיך

אוים.

# אין אַזוינע טעג

אין אַזוינע טעג,
ווען כמאַרעס בערג געוועלטיקן,
ווילט זיך אונדז אַוועקזעצן
בײַם ברעג
פֿון די אָנגעשוואָלענע שערבלעך
און וויינען.
באַוויינען דעם בראָך,
אַזוי ווי די קלאָגמוטערס פֿון אַ מאָל,
הויך אויפֿן קול.
נאָר מיר, די הײַנטצײַטיקע,
די אַזוינע־און־אַזעלכע,
מיר שמייכלען נאָר
אונדזער קלוגן, אַלצוויסיקן שמייכל,
וואָס לאָזט נישט דורך
דעם מינדסטן צייכן
פֿון צעטרייסל.
די גלאַטינקע פֿלאַכן
האָבן מיר אויסגעפֿורעמט,
איצט האַלטן זיי אונדז,
מיט שטאָלענעם אָרעם.
איז גוט וואָס אין דרויסן שײַנט די זון,
נעמען מיר די לאָפּעטע אין האַנט,
דעם גאָרטען שוין צײַט צו צעגראָבן.
און מיר גראָבן,
פֿאַרגראָבן.

# אַ פֿאָלק אַזוינס

וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פֿאָלק אַזוינס –
וווּנדעקינד צישן פֿעלקער,
אַזאַ מיקראָב פֿון לעבן,
פֿערמענט פֿון שאַפֿן,

טראָגט אין מאַרעך
געצייכנט זײַן גורל
פֿון איבערלעבן
אַלע בייזע מעדוזע־קעפּ?!

וואָס איז דאָס פֿאַר אַ
וווּנדערלעך,
געטלעך,
קליין־מענטשלעך פֿאָלק?!

# ווען די צײַט איז גרייט

ווען די צײַט איז גרייט צו אַנטרינען,
ווען נאַכטפּאָרעס גאַרן צעעפֿנט,
פֿאַלט אַראָפּ אַ שוואַרצער האָגל
פֿון דער שוואַרצער פּלאַכטע.
אויסגעשרייען.

דער פֿאַרלאָפֿענער טאָג
אַנטפּלקט זײַן אויסגעצאַפּט גאָב
אויף דער קלאָרער קאָלדרע.

פֿאַר אונדזערע אויגן —
זייער אויסגיין.
פֿאַר אונדזער טאָן און נישט טאָן —
זייער שטראָף.

מענטשלעכע גופֿים.

דאָס זענען נישט די אַשפֿעלדער
פֿון דאָרטן, פֿון אונזערע.
דאָס זענען שאַרבנוועלדער,
פֿון מולך הונגער פֿאַרשלונגענע,
אין קאַמבאָדיע.

אויסגעהוילטע אויגן מאָנען.
ביזן טיפֿן ערדבויך
סטראַשעט זייער שטומען.

# יענע שטאָט

**(לייענענדיק אַ סאָוועטישע בראָשור וועגן דער בוקעווינע)**

ווער וואָלט זיך עס גלייבן!
ווי נעכטן יענע שטאָט — אַ געמאַרק פֿון יידיש לעבן.
די שאָלטיקעס אין גאַס — די יאָסלס און די מאָקיעס
אויף די העכסטע קולות געהיצט זיך איבער באַלעמס.
הײַנט צו טאָג דאָרט, הייסט עס:
„פֿון קדמונים אָן
נישט אַנדערש ווי אוקראַיִניש געווען".
ווי קיין מאָל דאָרט קיין שילן און צענדליקער רבנים:
דער שאָצער, סאַדעגערער, דער באָיאַנער רבי;
ווי קיין אליעזר שטיינבאַרג דאָרט
קיין יידיש-חסידיש נישט געפּראַוועט
און אַ פֿלאַטער-פֿויגל, מאַנגער,
ווי אַ יונגער ווינט זיך געיאַוועט.
יידישע לידער — פֿון אילע פּאַרק-אַלייען.
ראָמאַנטיש זיי געקאָרמעט
אידעאַלן און פּאַרטייען.
פֿלאַמיקע דעבאַטעס, אַרבעטער, סטודענטן.
טשערנעוויץ — אַ שטאָט פֿון אינטעליגענטן.
נאָר קינדער אין די שולן געלערנט
זיך רומעניש.
די דערפֿער פֿון אַרום גערעדט אויף אוקראַיִניש.
די שטאָט אַליין בלויז סחורים, בעל-מלאכות, פּראָפֿעסיאָנאַלן
יידן, יידן, סאַמע יידן — געאַרבעט און געדאַגהט.
הײַנט — איבערגעדרייט, איבערגעבויט

אַפֿילו דעם בעת — עולם
ביזן מינדסטן סימן.
אַן אַנדער שטאָט, אַן אַנדער פּנים.

נאָר נישט אויסצומעקן אין די שטיינער פֿון טראָטואַר,
וועט אויף שטענדיק פֿאַרבלײַבן
דער קאַרב פֿון ייִדישן טראָט,
אין יענער שטאָט.

# דורכגעפֿאָרענע סטאַנציע

דורכגעפֿאָרענע סטאַנציע:
ליידיקע גאַסן, אָן־פּנימדיקע סילועטן
דורך שויבן טוקן זיך און טרעטן
אַוועק.
ס׳הויערט אַן איינציק־עלנטער קלאַנג
אויף מײַנע אַקסלען
דעם קורצן גאַנג
אַרײַן.
דאָס מיידל שמייכלט הכנעהדיק.
מיר שמייכלען קריק.
קאַווע? זי דערלאַנגט.
אַ דאַנק.
אירע האָר אין פֿלאַכן געל און לאַנג.
די איינציקע געסט.
ווער האָט אונדז אַהער געשיקט?
ווער ווייסט.

# אַ וואָרענונג

אַ צייכן אויפֿן אויטאָשטראָז:  
צען מײַל קיין ניו־יאָרק.  
געל. די אותיות פֿלאַמען.  
זאָל עס זײַן אַ דערמאָנען  
נישט אײַנצודרימלען,  
צי אַ וואָרענונג:  
פֿאָרט קריק!?

# ריח פֿון וועג

בלעטערנדיק אַן אַלט העפֿטל,
צום שמירן מיטגענומען עם.
אַ שורה דאָ, דאָרט,
צעעפֿנען זיך פּאַנאָראַמעס
שיִער פֿאַרגעסענע.
ס׳קלינגט אויף אַ וואָרט
מיט ריח פֿון וועג,
ים-לופֿט זאַלציקע נעמט ווייען,
פּיאַטעס אין זאַמדן דורכגעווייקט,
שלעפֿעריקע לאָמפּן
אויף שאָסייען.
אַן אומגעריכטער שפּאַציר
אויף אַ פֿאַרלוירענעם שטח.
פֿאַרגעסענע שעהען,
געפֿונענע רעגעס
דערזע איך.

# אַ ווידערקול

אַרויפֿקוקנדיק דאָ —
די גאַס.
דאַכט זיך די אייגענע וואָס
האָסט אַ מאָל געקענט.
דער דריי בײַם ראָג, די
אָפּגעשיילטע ווענט,
עפּעס אַזוי
קענטלעך.
נאָר פֿון וואַנעט?
אײַנגעקאַרבט אין אונטערוויסן
ווער ווייסט פֿון ווען.
און אפֿשר נאָר אַדורכגעפֿאָרן
און געזען,
ווי איצט,
דאָס בילד, אַ מאָל,
און סע צעקלינגט זיך
פֿון אונטער בילדערבערג
אַ ווידערקול.

# די גאַס

שטיל און לינד,
געטראָגן אויף די שפּיצפינגער פון ווינט,
געהויבן ביז דער הימל-שורה, העט,
בייגט זיך
און סע שלענגלט זיך קאָקעט
די גאַס
אין פאַרמעסט
מיט די הײַזער בײַ די זײַטן, אומגעלומפּערטע;
די ביימער איינצלע, צעשויבערטע;
דעם הימל היציק-בלאָ צעיאַכמעטן.
נאָר זי, די גאַס, די איינציקע
געלײַטערטע.

# טאַקע אפֿשר

ס'וויגט זיך די באַן אין שלעפֿעריקע ריטמען.
כאָטש ס'איז די שעה נאָך יונג, פֿאַרקלערט און בלאָ,
און כאָטש ס'איז שוין דעצעמבער,
צײַט פֿאַר שנייען,
איז דער טאָג הײַנט גאַנץ מחוץ סעזאָנען.
סע דאַכט זיך: טאַקע, טאַקע, אפֿשר?
אַ משוגע בענקעניש, אַ ציִען
הייבט אָן רײַסן שטיקער, מאָנען;
אַן אומשׂכלדיק האָפֿן,
אַז ס'וועט אָנהייבן באַלד גרינען
אין אַלע ווינקעלעך.
ווינקען ליכטשפּרענקעלע
מיט אַ קינדישן שמייכל פֿון וווּנדער:
טאַקע, אפֿשר ווערט באַלד זומער?

# טונקל בלאָ

טונקל בלאָ זעצן זיך די בערג,
רוקן זיך אָפּ,
ווײַטערן אַוועק
העט.
און מיר
אין ווילדן געיעג
שנײַדן זיך אײַן
מיט רעדערצייין
אין וועג.
מיר העכערן די גיכקייט.
שלינגען שטחים
די בערג צו דעריאָגן.
נאָר זיי
רייצן זיך מיט אונדז,
באַהאַלטן זיך פֿאַר אונדז
און פּלוצעם — זיך צעלאַכן:
צעלייגן זיך אין פֿלאַכן.
קאָלירן שאַרפֿן זיך צו,
פֿלעקן רויט
ווערן שווערער,
און דער טאָג אין נאָוועמבער
לאָזט אויס זײַן לעצטע שעה
אין די אויסגעשטרעקטע שאָטנס פֿונעם
טוקל בלאָ.

# גרינער וואַלד געשמאַקער

אײַ, וואָלט איך אַרײַנבײַסן אין דיר,
גרינער וואַלד געשמאַער!
אַריבערשרײַען כ׳וואָלט
דעם ווילדן פֿויגלס אויסגעשרייען
אין מײַן פֿלוצעמדיקער דולקייט!
אָדער
מיט פֿולן פּענדזל אָפּשוימען
די איבערלויפֿנדיקע גרינקייט,
זודנדיקע שטומקייט.
ווי האָסטו מיך צעקאָכט,
אַרײַנגעגאָסן שיכּור-טרונק
אין הויט און אָדערן,
ווען בלויז אַ גלעט געטון
סע האָט מײַן וויִע דיך
בײַם דורכפֿאָרן.

# דרײַ גלעקער

דרײַ גלעקער האָבן זיך צעהוידעט
אײנע
נאָך
די אַנדערע.
מיר
זענען פּונקט אַדורכגעגאַן,
אונדז נאָכגעגאַן,
די קלאַנגען.
צעשטרעקט איז געלעגן און שטום די גאַס,
אַ פּערפּל־בלאָער, אָן־סופֿיקער פּאַס
זיך געצויגן.
וואָס
טוען מיר דאָ
אויף פֿרעמדן העק פּאַרוויי׳טן,
אין דער שעה,
ווען קאָנטראַסטן זענען אָנגעצויגן:
שאָטנס טיף — הויך די ליכטיקייטן
און
קלויסטערגלאָקן אונדז באַלייטן?

# פֿון זיך צו זיך

מיט אַ חודש צוריק — זיך געזעגנט,
אויף פּלאַטפֿאָרמע געפּלאַטערט
גיך־גיך.
און פֿון דענצמאָל האָסטו געוואַנדערט
אויף שליאַכן זוכנדיק
זיך.

מיט אַ חודש צוריק האָט געבלישטשעט
די פֿרעמד איבער בריקן
געגענט.
און דו האָסט געלאָזט זיך אַנטקעגן,
דעם אָנלויף פֿון ווײַט
נישט דערקענט.

איצט איז דער חודש אַריבער,
די צווײַגן ווי ביינערנע הענט,
פֿון אייגענע שטײַגן־געפֿלעכטן
אין גראַטעם פֿון אײַזן געפּענט.

דאָס פֿענצטער צו זיך איז אַ שפּיגל:
ווי ווײַט האָט מען אָפּגענייגט!
אַן אַנדערע שפּילט איצט דײַן ראָלע:
דו — אין פֿאַרגאַנגענע טעג.

# די לעצטע שורה

ווי לאַנג קען מען נאָכגיין
דעם ריטעם פֿון אַ פֿרעמדן ליד,
בשעת די רעדער ציִען דיך אַוועק
און טריט
קומען און גייען
מיט דער באַוועגלעכקייט
פֿון לויזע שורות.
אָפּגעזונדערטקייט אין אַ געדיכטעניש.
אויגן וואַרפֿן זיך אַרײַן:
וואָסער פֿרעמדע אותיות!
דאָס שעפּטשען פֿון רייד
באַשפּרענקלט די קאַנווע,
און די לעצטע שורה —
אַ פֿאַרשנורטער קנופּ.

# אָוונט אין רעגן

גראָע פּליאַמעס
טונקלען אַפֿיר
די קאָנטורן דורכגעזיפּטע
דורך לאַמטערן־שפּריי
אויף נעץ־צעצונדענעם
טרעטאַר.
אָפּגלאַנץ:
אָוונט אין רעגן.
פֿאַרהויכטע אויטאָשויבן.
אַ צעבראָכענער אָפּשפּיגל
פֿון לאַנג שוין צעפּיקעט,
פֿאַרקלעפּט געווען מיט אַלע כּוחות.
קלאָר, ס'האָט עס דער רעגן
שטיקלעכווײַז צענומען.
אָרעם פּנים.

# רעפֿלעקסן

האָסטו שוין געזען די דורכזעיִקייט
ווען מע זעט זיך
פֿאַר זיך?

עטערישער וואַסערשוים צעשפּריצט זיך.
אַ רעפֿלעקס פֿון אַ טונקעלער רעם אַרוים
קומסטו זיך אַנטקעגן.

דו צו זיך. דער איינענער איך
שמייכלט דיר פֿאַרחידושט.
שמייכלסט קריק.

פֿאַר וואָס נישט?

# זײַטיקע טריט

צערייצטע פֿעדעם גרייט צו צינען,
גלאַטע וואַסערן — צו קילן.
מע פֿירט אַ מאָנאָלאָג מיט זיך
יעדער שרײַט אויף זיך אין שטילן.

ווערטער רעדן האַלבע רייד,
שטומע אותיות זיך חקירהן.
קלאַפּן מוז מען ביזן טאָג
ווען ס׳רײַסן אויף די שרײַבמאַשינען.

דעם קאָלנער שטעלט מען אויף אין גאַס.
(מע ווייסט דען ווי זי וועט דיך נעמען?)
זײַטיק הילכן אָפּ די טריט,
פּלייצעס אויסגעדרייט אָן נעמען.

# דער שטורעם. דער בוים. די פֿרוי

די פֿרוי. דער שטורעם: אוראַגאַן דייוויד
אַוועקגעלייגט דעם בוים,
דעם העכסטן אין גאַס,
אין זײַן גאַנצער גרייס —
אויסגעוואָרצלט.
זי געדענקט: שוין פֿערציק יאָר
מ'האָט אים פֿרזעצט.
אירע קינדער
געוואָקסן מיטן בוים צו גלײַך.
גאָט היט מיט זײַן אויג
רעליגיעס, ראַסן, קאָלירן.
די „בײַבל" האָט זי געלערנט
אַלע מענטשן גלײַך.
נאָר הײַנט — די צײַט.
דער שטורעם. דער בוים.
די פֿרוי.

# קאָמענטאַרן

די קאָמענטאַרן מיט רײַסנדיקע ציינער
פרוּוון פֿאַרהאַקן דעם אַרויסגאַנג,
בילן אונדז נאָך.
וואָס קען אַ האַנט דערגרייכן,
ווען זי שטרעקט זיך נאָך אַן
אָרעם גלאָז וואַסער?
דער שׂונא האָט דערלאַנגט די באַק,
און דער, וואָס רופֿט זיך פֿרײַנד,
גיט אים אַ קוש.
איצט איז די וועלט פֿול
און אַליין איז מען
אַליין.

אין הינטערגרונט די קלאַנגען
„אײַ עם איי לאָונלי מען, אײַ עם".
בײַם דענטיסט אויפֿן שטול
איז די צײַט געדיכט.

# ווּ זענען

ווּ זענען
פנימער פלעגן
וואָסער געפּלאַטער אין בלאָען צעשטראַל!
ווײַטקייטן ברענען
באַרגשפּיצן מאַניען
און ס'האַמערט די העזה
צו סאַלטאָ-מאָרטאַל.
הײַנט
ווי אַלט סע טאַנצן —
אַפילו ביימער
טריפן מאָך
און דו און איך
ווער נאָך?
אַלע יונגע ליבעס ווּ?
אָפּגעהאַקטע זאָגענישן ברומען.
שוואַרץ צעשטאַמט דער וואַלד
און גראָ פּאַרפּוצטע קרוינען.
און אַלץ
נאָך שפּילט די מוזיק.
נאָר ס'וועט נישט לוינען.

# אַזאַן אָוונט

אַזאַן אָוונט, ווען
מ׳האָט אַזוי גערפּרוּווט,
אָנגעפֿילט אילע כּלים,
אַז דער שוים איז איבערגעגאַן
מיט געזאַנג.
נאָר אַלץ איז מען געבליבן
דאָרשטיק.
אויסגלײַכן געמיטער
ווען אויגן קוקן קרום!
גלעטן קען מען נאָר
מיט ווייכע פֿינגער.
ביימער מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ,
זייער טונקל שעפּטשען
נעמט אויך מיך אַרום.

# אַלטער פּאָרעך

דער טעלעפֿאָן —
און וויפֿל שווײַגן ער נעמט אָן.
דער סטרײַק מאַכט עס לײַכט
און די צײַט טוט זיך אירם.
אַוועקגעדרייט זיך און פֿאַרגעסן.
מיד פֿון אייגענעם פֿאַרגיין
ווערט זי אַליין זיך דערעסן.
איז אפֿשר בעסער אַזוי.
די הימל-ליניע וועט קלאָרער ווערן,
אַלטער פּאָרעך וועט זיך זעצן
און פֿאַריערן.

# די טרעפּ אַרויף

האָסט געקוקט מיט מילדע אויגן
צו דער אַלטער פֿרוי,
די לאַנגע טרעפּ אַרויף.
אַ שמייכל קען פֿאַרבינען
אומבאַקאַנט מיט אומבאַקאַנט.
אַ פֿלאַטער פֿון אַ האַנט,
פֿליִענדיקע באַנען.
ליכטער בליצן אויף.
ערגעץ וואַרט אַ טאָג
אויף דיר
און וויפֿל טרעפּ אַרויפֿצושפּאַנען.

# אויסקאָנטורטע אמתן

אַ מענטש מוז קוקן אין שפּיגל מערער
צו קענען גלייבן זײַן אייגן ווייסן.
אַ מענטש אין נאַכט באַרעמטער שויב
זעט אויסקאָנטורטע אמתן.
ווער קען עס לעבן בשלום מיט זיך
אָן שטענדיק קעגן זיך צו ווערן?
אוי, דו פֿויגל אויף מײַן דאַך
וואָס דו פּיקסט אוים יעדעם קערל
ווי די נאַכט ווערט ווייך, מילד,
ווען ס'ווײַזן זיך די קליינע שעהען
נאָר דער שפּיגל פֿון מײַן בילד
האָלט פֿאַרביסן אין איין מאָנען.

# קאָלאַזש

אין אָנהייב פֿאַרשלאָסן
נאָר ביסלעכווײַז אַנטפּלעקט
הרודעסדיקע שעהען
מיט עקזאָטישע פֿעדערן באַשטעקט.
ווינטן אויפֿן ראָג זיך געדרייט
ס׳אָרעמע שטיקל אילוזיע צו צעבלאָזן.
צוקוקערס גרייט געווען אַ כאַפּ טאָן
וואָס נאָר ס׳וועט זיך לאָזן.
און די פּויקן האָבן געהאַקט
איבער געדולדיק פֿאַרמאַטערטע קעפּ.
צײַט פֿון פֿאָלקס-פֿעסטיוואַלן.
עטנישע פֿאַרמעסטן
פֿון קונסטן קולינאַרע,
פֿון באַווײַזן זיך
מיט דער עלטער-באָבעס טיכער,
פֿאָלקישע קלאַנגען, טענץ.
היים דורכזומערטע ריחות
צונויפֿגעמישט
מיט חפֿצים
פֿון שימל אויפֿגעפֿרישט.
קאָלאַזש — דאָס פּנים פֿון דער צײַט.

# אָן

האָסט פֿאַרלוירן יעדן
קאָנ־
טאָקט
מיט
אָן
אויף דער
וועלט
קיין
היימיש וואָרט
ליבשאַפֿט
חבֿרשאַפֿט
ווער, ווען
איין
אַ־
ליין.

# גרויסע מענטשן

ווען זיי
וואָלטן געטײַטלט שטרענגער
וואָלטן גאַרדינען זיך אַראָפּגעלאָזט.
די בילדער אויף די ווענט —
קיל זיך צוגעשנירט און
ווערטער וואָלטן זײַן
הינטער דער פּלייצע.
גרויסע מענטשן,
קינדישע פּחדנים.
הייבן מיר אויף אַ פֿינגער
פֿאַקריכן זיי זיך אין די ווינקעלעך,
פֿון דאָרט שיסן זיי
פֿעדערלעך.
מיר, די ריזן, ווערן אומגעדולדיק.
זייער קליינקייט איז נישט קיין
קליינקייט.

# דער פּלאַקאַט

זע נאָר —
דער פּלאַקאַט לאַכט מיט ווײַסע ציינער.
מע מוז פֿאַרצייכינען די רגע.
צען אַ זייגער.
דער טאָג נעמט דיך מיט גוטן אָן.
איצט איז די צײַט,
שטענדיק נאָר איצט.
נעכטן אין די ביינער אײַנגעקריצט
און מאָרגן?
ווער, ווען, ווערעמס מאָרגן.
ס'טוט דיך אַ הייב דער פּלאַקאַט,
שמייכלסט ווידער.
כ'לייג אַוועק דאָס ביכל.
שווערע לידער.

# לײַטער שליטן

ווי הייבט עס זיך גליטשן
מיט אַ לײַכטן שליטן
אויף שטאָציקע בערג — זוניקע פֿרייד.
צי ווי אַ פֿלאַטערל
זיך חושימדיק לאָזן
בגילופֿין פֿליִען
צון אַ גרינער בייט.

נאָר איצטערט
דערקענט מען גיכער
די טראָפּנס: שפּאָרעוודיק גינגאָלד.
איינציקע פֿאַרבלבין פֿון אַ זומער־מאָרגן,
ווען ס'האָט גענומען טאָגן
די ווערנדיקע וועלט.

כאַפּ איך אָן מיטביידע הענט זיך האַלטן
און ווײַל סע איז מײַן זשעדנער קלעם צו שוואַך,
לאָז איך זיך גליטשן
מיט לײַכטן שליטן.
כ' שלעפּ זיך מיט.
כ' שלעפּ זיך נאָך

# שטיללעבן

אַ קלֵיין קײַלעכדיק טישל
מיט אַ ווײַסן שפּיצן-טישטעך פֿאַרדעקט,
ווי אַ כּלה צו באַדעקנס,
שטייט גרייט, בכּבֿודיק-שטײַף,
געשטרעקט.

און בײַ דער זײַט — דער מחותּן,
אַ בענקל באַשטיקט און באַשניצט,
בלאָזט זיך, ווי מ׳וואָלט אים חושד זײַן
ער ווערט, חלילה, פֿון דער קהילה געשטיצט.

אויפֿן טישל — אַ האַנט-באַמאָלענע וואַזע
מיט פֿרישע כרעזאַנטעמען.
אַ שטיללעבן:
דער חתן — געקומען די כּלה נעמען.

# ווער איז זי?

הײַזער — פּערל צעשיטע אויפֿן ברעג.
איך טו אַ גלעט דער שוואַרצער ערד
און ס'ווערט צעשפּילט — אַ רעגן־בויגן.
די שטאַלטנע פֿיגורן
אין שרײַיִקע קאָלירן.
צעבליטע בלומען,
צי פּאַיאַצן אין הילכיקע קאָסטיומען?
זי וויגט זיך ריטמיש,
כוואַליעס צעגאָסן — אירע לאַנגע האָר
צום רוף פֿון גיטאַרעס.
ווער איז זי?
ווער קען האָבן אַזוינע אויגן
און שטיוול איבער די קני?
אָ, בריזשיט באַרדאָ!

# בעסער

אילע געלעכטערלעך נישט אויסגעלופּטערטע
האָבן זיך צעגלעקלט:
אין אַ גוטער שעה!
דער הימל האָט צעעפֿנט זיך
און
אַ רעגן־בויגן
ליכטיק־לופֿטיק אויסגעצויגן —
ברוך־הבא!
יאָ, בעסער אין קאָלירן זיך צעשפּילן.
אַוודאי בעסער מיט אַ כמאַרעלע פֿלירטירן,
בעסער זיך נישט צוהערן צו פֿינצטערע נבֿואות
פֿון בייזע מומעס.
רעגן־בויגן שמייכלט דורך די כמאַרעס:
בעסער.

# אַ דערמאָנען

ס'האָט אויפֿגעכאַפּט זיך
אַ דערמאָנען
און זיך צעטאַנצט
איבער חורבֿות פֿונעם טאָג
איבער גריבער פֿון דער נאַכט
ווי אַ שטריק געבליבן הענגען — לאַכט.
נישט אײַנגעהערט זיך אינעם מוטנעם ברומען,
נישט פֿאַרשעמט זיך פֿאַר די ווינקלען שטומע.
דעם לויזן שטריק אַ לײַכטן צי —
און ס'הייבט זיך אויף אין בלאָען:
פֿלי!
אַ געלכטערל אויף מײַנע פֿינגער פּערלט,
זיך קאַטשעט,
אויף מײַן דאָלאָניע זיך ניאַנטשעט.
שאַ, מע זאָל נישט הערן,
געלעכטערל, געשענקט זאָלסטו מיר ווערן.

# זיסע פֿערשקעס

זיסע פֿערשקעס אין אַלע שפּיגלען — ראָז.
דער אַלטער קאַליקע שמייכלט
מיט דער צונג אַרויס.
דאָרפֿסלידער.
מאָנאָטאָן גיטאַר־געקלימפּער.
שוואַרצער אויפֿדערנאַכט, סוף זומער.
טראַ־ראַ־ראַ
„דו יו פֿיל מי עס איך פֿיל יו בייבי"

# אַ כּתבֿ

פֿון וואָסער וואָרצלען
סע זאָל זיך נישט ציִען
דאָס אויסגעפֿורעמטע,
ווי פֿון וואַקס אויסגעגאָסענע
כּתבֿ,
איז עס אַ יש פֿאַר זיך.
פֿאַרמאַכט, נאָר פֿול רמזים
פֿאַר דעם
וואָס קען עס דערקענען;
און שלעפּט נאָך זיך מיט
דעם בעל־דבֿר אַליין.
כּדאַי צו האַלטן זײַן נאָמען
און טעלעפֿאָן.
אַ זכר פֿון איינעם
וואָס אויף אַ רגע געקענט עס.
דער הויכער מאָגערער שרײַבער
פֿון אַן אַנדער עדה,
אַן אַנדער שפּראַך,
מיט זײַן געציקלטן
דינעם העט הויכן
כּתבֿ.

# „שוויל״

אַ וואָרט — נישט צו כאַפּן זײַן אַקוראַטן טײַטש:
„שוויל״ אויף דײַטש.
אויף יידיש — פֿאַרעדיק היים,
דושנע, כ׳ווייס!
אין ישׂראל — אַ גוטער באַגריף: חמסין.
נאָר גיי אַזש אַהין
צוליב אַ וואָרט.
אין סאַמע קאָכקעסל ניו־יאָרק,
אין די שפּעטע זומערדיקע היצן,
ראַנגלט מען זיך צו געפֿינען
דעם עקוויוואַלענט
פֿון אַ וואָרט,
וואָס מ׳האָט אַ מאָל, נאָך קינדווײַז געקענט.
שוויל. שוויל.
היים — צו ווייניק
דושנע צו פֿיל.

# זײַטיקע באַטראַכטונגען

פֿאַר זײַטיקע באַטראַכטונגען
נישטאָ קיין צײַט.
ס'פּאַסט זיך נישט אַרײַן
אין ענגן פּאַק פֿון עולן,
אַז ס'קלינגט שוין דאָס הרימען פֿון רעלסן
ערגעץ ווײַט.
נאָר פֿאָרט:
צי האָט די וואַזאָנע נאָך אַ בלעטעלע געהאַט?

# דאָס פֿאַרסמאַלעטע הײַזל

אויפֿן וועג צום זומער־לאַגער בויבעריק —
דאָס פֿאַרסמאַלטע הײַזל.
פֿאַר אַ יאָרן נאָך גאַנץ געשטאַנען.
וועפֿיל מאָל מ׳איז דורכגעפֿאָרן
פֿלעגט מען זיך דערמאָנען
מעשׂיות לעגענדעס.

דאָרטן, זאָגט מען, (ס׳קער זײַן אמת)
פֿלעגן ליגן קראַנקע אין צײַט פֿון עפּידעמיעס.
דאָ זאָל האָבן אויך געליגן אויף פּאָליאָ
דער צוויי און דרײַסיקסטער אַמעריקאַנער פּרעזידענט
פֿראַנקאָ דעלאַנאָ רוזוועלט,

איצטערט — אַ חורבֿה פֿאַרברענט און פֿאַרהאַקט
בײַם אַרײַנפֿאָר צום שטעטל הײַדפּאַרק,
ווו זײַן זומרער־פּאַלאַץ שטייט,
און זײַן לעצט אָרט
אין מיט פֿון אַ בלומענבייט.

# דער פֿעטער מענטש

דער פֿעטער מענטש — גאָר, גאָר פֿעטער מענטש.
אָפֿן זײַן ברוין העמד,
די פֿיס — קוים וואָס ער שלעפּט.
ער פֿירט אַ װעגעלע.
אַ װעגעלע? אַ קינד?
יאָ, אַ װעגעלע. ניין, נישט קיין קינד.
אַ װעגעלע מיט עסן פֿירט ער.
עסן, וואָדען אַ קינד פֿירט ער
דער פֿעטער, פֿעטער,
גאָר־גאָר פֿעטער
מענטש.

# דאָס פּאָרל

אַ פּנים פֿון אַ לײב אַזאַ?
צי גאָר אַ פּנים פֿון אַ קרבן?
אַ מאָדנער געמיש פֿון
ליניעס: טראַגי־קאָמיש.
כ'האָב געזען אים טאַנצן.
די גלידער ווי אַן עמבריאָ געבויגן
און פֿון עקסטאַז פֿאַרגלייזטע אויגן.
ער האָט געטאַנצט מיט אַ מאַן
און ביידע זיך שיִער אין הימלען פֿאַרגאַן.
נאָכשפּירנדיק זייער יעדן ריר —
פֿאַרכאַפּנדיק.
אַן אויסטערליש צעבליִעניש.
זײַן פּאַרטנער — עפּעס ווי אַ ראַק —
האָט זיך אויך אַזוי „גראַציעז" געוויגט
צום טאַקט.

# ווער ווייסט

פֿולע זשמעניעס זוניק גרין
אויף מײַנע האָר צעגאָסן.
שטראָמען גאָלד אויף אַקסלען, האַלדז.
זעסט עס? זעסט עס נישט?
ווער ווייסט.

כ׳גיי מיר אַזוי, פֿאַר זיך, מײַן וועגס,
פֿאַזע הײַזעררייַ, ביימער־אַליי, ברעג טײַך.
קוקסט מיר נאָך? צי נישט?
ווער ווייסט.

שטייסט. אַ טיפֿע אָזערע — דײַן שמייכל.
שמייכלסט צו מיר? פֿון מיר?
ווער ווייסט.

# זיצן מיר אַזוי צו צווייט

זיצן מיר אַזוי צו צווייט
ווערן פֿענצטער ברייטהאַרציק צעעפֿנט,
כוואַליעס שוימען ברויזנדיק
און סע פֿאַלן דורותדיקע צאַמען.

קומט אַ דריטער, זעצט זיך צו,
שמעלערט זיך אַרום דער טיש,
רודערס הייבן זיך שוין שווערער,
ס׳ווערטלט זיך אומזיכער און שיטער.
דאַכט זיך סע וועט רעגענען,
ס׳אַ פֿאַרכמאַרעניש.

איז אַ פֿערדער צוגעקומען
און פֿאַרטונקלט אילע מילדע פֿאַליעס.
ס׳פֿליִען פֿײַלן הין־און־קריק
און סע ליאַרעמען און שילטן זשאַבעס.

# ראָק־און־ראָל־מוזיק

דורכן פֿענצטער קוקט אַרײַן מײַן גאָרטן,
אַן אויסגעפּוצטער ליכטיק, זומערדיק,
נאָר פֿונעם צווייטן צימער האַקט און האַמערט
די קינדערס ראָק־און־ראָל־מוזיק.

טיף פֿאַרחלומטע, די רויזן שמייכלען.
אַלץ די אַלטע זיסע ראָמאַנטיק.
צי וועט זיי אָבער נישט פֿאַרטרײַבן
די הילעכדיקע ראָק־מוזיק?

ס׳ציטערט ס׳האַרץ מיר פֿאַרן גאָרטן,
עפּעס שטרעקט ער זיך גאָר ריטעמדיק.
ער זאָל מיר נאָר נישט אויך פֿאַרפֿאַלן
צו דער ראָק־און־ראָל־מוזיק.

כ׳וויל אַרויס און ראַטעווען וואָס ס׳לאָזט זיך,
נאָר מיט צוואַנגען האַלט מיך עפּעס קריק.
ווילנדיק, נישט־ווילנדיק איך האָפּקע.
וואָדען: די ראָק־און־ראָל־מוזיק!

# יאָ-זאָגערס

מיר לויבן אײַך און בענטשן אײַך,
איר פֿרײַנדלעך ליבע מענטשעלעך,
וואָס זאָגן תּמיד יאָ.
וואָס מע זאָל באַלאַקעווען
זיי וועלן אַלץ פּאָטאַקעווען, יאָ.

ווען אויפֿן האַרצן זויער און ווייז איז,
מיט זיי האָט איר קיין חילוקי-דעות, יאָ, יאָ, יאָ,
אין פֿלאַכע וואַסערן ליגט מען זיך,
אויף מילדע כוואַליעס וויגט מען זיך,
מיט שלום-ושלווה קוויקט מען זיך, יאָ, יאָ, יאָ,

וואָס טויגן מיר די וועלט-אָנקלאָגערס?!
לעבן זאָלן די יאָ-יאָ זאָגערס! יאָ, יאָ, יאָ.

# גלאָסאַר

אויסגעווירעטער גאַנג — גאַנג וואָס איז גלײַך ווי אַ ווירע (דאָ פלאַנירטער ג׳)  
אויסגערייעט — אויסגעשמירט, קויטיק  
אויפּצילען — אויפּסילען (געווײנטלעך פּערל, קרעלן)  
איליצע — געסל, ליק  
אילע — אַלע  
אַפּל — אויגאַפּל  
די בוריאַנע — ווילדגראָז  
באַשטיקט — אויסגענייט, אויסגעהאָפטן  
„בײַבל" — ביבל (ענגליש)  
הרימען — הילכיק קלאַפּן אין עפּעס  
דער גראַט — גראָטע, הייל  
ט׳אָסטו — נאַ, נעם!  
טרעטואַר — טראָטואַר  
טשאַלאַפּען — גיין אין אַ טשאַלאַפּ, אין אַ בלאָטע  
לאַנגסטיק — פֿון אַמאָליקע צײַטן  
נעסטער — טײַך אין מיזרח־אייראָפּע, בעסער באַקאַנט מיט זײַן רוסישן און דײַטשן נאָמען „דניעסטער״. בײַ ייִדן אין מיזרח־גאַליציע, בוקעווינע, פּאדאָליע און באַסאַראַביע הייסט ער אָבער נעסטער און אַפֿילו עסטער  
סלעך — זכר, סליד  
ספּריטנע — פֿלינק  
עם — אים  
פּאַטאַקעווען — אויטאָמאַטיש צושטימען  
פֿאַרבינען — פֿאַרבינדן  
פֿאַריערן — פֿאַרעלטערט, אָפּגעלעגן ווערן  
פֿעריטשקע — פֿערשקע  
צינען — צינדן  
צישן — צווישן  
צעהורגטער ניגון — צעריסענער ניגון  
צעפּיקעט ווערן — צעפּלאַצט ווערן  
קאָפּשטאַנד — דאָס שטעלן זיך אויפֿן קאָפּ  
שאַריי — קאַיאָר, פֿאַרטאָג  
דער שטראָך — דער שטריך  
דאָס שטרעכעלע — קליינער שטראָך

# אינהאַלט

## שאַריי



## אויף דער ראָזעווער גאַס



## הימלען אין נאָוועמבער

## נאָך אַלץ אין אונטערערד־קאַנאַלן



## ריח פֿון וועג

## די לעצטע שורה



## זײַטיקע באַטראַכטונגען